Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.

w Krakowie.

ערשטער יאהרגאנג נר. 6.

DUS

להאיר להם את הדרך

# דאס ליכט

אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג.

ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציע.

ערשיינט יעדען פרייטאג

ב״ה קראקא, פרייטאג ת-ומה ג׳ אדר תרצ״א.

ליכט צינדען 4·50 מ·צש״ק 6·05

Kraków, dn. 20 lutego 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120-96.

Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel. 120-96. —

## פון דער קראקאווער קהלה.

### וויכטיגע זיצונג.

מוצש״ק איז פארגעקומען א זיצונג פון קהלה-ראט אינטערן פארזיץ פון וויצע-פרעזעס ה׳ סטעמפעל. נאכ׳ן פארלייענען דעם פראטאקאל פון פאריגע זיצונג, האט ה׳ אבראהאמער אינטערפעלירט וועגען שטיינער׳ס מעכאנישע מצות, פאר וואס ס׳בי״ד גיעט נישט ארויס קיין אפיציעלען הכשר אויף די מצות. ר. לויטערבאך פאדערט אויף ביידע פרעזעסען זאלען ווי אמשנעלסטען אינטערווענירען אין מאגיסטראט און אין וואיעוואודזטווא, וועגען דעם איינגערייכטען מעמאריאל פון דער קהלה און וועגען בעשטעטיגען דעם בודזשעט. ר. אלעקסאנדראוויץ פרעגט פארוואס עס ווערט נישט אויסגעצאהלט די סובסידיע פאר דער „מגדלי יתומים“.

פרעז. ד״ר לאנדא ענטפערט, אז בכדי אויסצוצאהלען סוב. פערשטעהט זיך מוזען זיין הכנסות, היי-יאהר איז איינגעפלאסען א דריטעל פון די פרעלימינירטע 400 טויזענד זלאטעס קהלה-שטייער, די צייטען זענען שלעכטע אין דאס אינקאסא איז זעהר בעשווערט, אויב איהר חברים ראטמענער ווילט, אז מ׳זאל יודען ליציטירען פאר קהלה שטייער, קען אייער פערלאנג דורך דער פערוואלטונג אויסגעפיהרט ווערען. פונדעסטוועגען ווערען אלע סובווענציעס אויסגעצאהלט א חוץ דער חברה מגדלי יתומים, וועלכער עס איז נור אויסגעצאהלט געווארען 500 זל. ווייל די חברה איז גוט סיטואירט. די רעליגיעזע סעקציע האלט נישט פאר ריכטיג צו פערלאנגען פון בי״ד א קלארע דעציזיע וועגען שטיינערס מצות, אז דער ראט וויל קען זיך דער ראט אליין ווענדען צום בי״ד. טייל ראטמענער זענען נישט צופריעדען מיט דער תשובה פון דער רעליגיאנע-סעקציע בנוגע די מצות, די ראטמ. שפירא, אבראמזאהן און שטערנבערג זענען מסביר אז עס זענען פארהאן זאכען וועלכע ס׳בי״ד מוז נישט מכשיר אדער מטריף זיין. ס׳ווערט אנגענומען ה׳ לויטערבאך׳ס אנטראג וועגען אינטערווענירען אין מאגיסטראט און מען טרעט צו צום ערשטען פונקט פון דער טאג-ארדנונג וועגען קמחא דפסחא. פרעז. ד״ר לאנדא רעפערירט דעם ענין און ערקלערט, אז די הכנסה פונ׳ם פסח׳דיגען מעהל אבצאהל פאר א יאהרען איז געוועזען 9590 זל אונטערשטיצונגען אין געלד און נאטור פאר פריוואט, שפיטעלער און ארעסטאנטען זענען געגעבען געווארען אין דער הויך פון 20.440 זל. פאר זעלנער האט די קהלה בייגעשטייערט 7000 זל. ס׳זענען בכלל געשטיצט געווארען 1800 פערזאן. רעדנער בעאנטראגט א שטייער פאר פסח׳דיג מעהל אין דער הויך פון 10 גר. פון א קילא. טייל רעדנער פערלאנגען עווענטועלע בעפרייאונג פון פילאנטראפישע אינסטיטוציעס פון 10 גר. שטייער, דער אנטראג ווערט אבער נישט אנגענומען. ר. קלוגער בעאנטראגט די קהלה זאל ארויסשיקען אין שטאדט זאמלען מעות חטים ווי אין אנדערע שטעדט. ס׳ווערט געשאפען צוליעב דעם צוועק א ספעציעלע פסח קאמיסיע.

ר. שפירא פערלאנגט צו בעשטעטיגען דעם 10 גר. שטייער נור בתנאי אז די קהלה זאל אין גאנצען אויף אייגענע הוצאות איינריכטען די פסח׳דיגע זעלגער-קיך, דער אנטראג ווערט אנגענומען. נאכדעם ווי ס׳ווערט בעשלאסען צו אסיגנירען 500 זל. פאר די יודען אין רוסלאנד, טרעט מען צו צום צווייטען פונקט פון דער טאג ארדנונג: דער אבצאהל פאר אמטליכע חתונות. פרעז. ד״ר לאנדא ערקלערט אז פריהער איז געוועזען דער מאקסימום-אבצאהל 300 זל. וועלכער איז אבער דורך דער וואיעוואודזטווא נאך פאר 2 יאהר אבגעשאפט געווארען. איצט איז אויף זיין אינטערווענץ דערלויבט געווארען א מאקסימום אבצאהל פון 25 זל. פאר רופען אין שיהל און 100 זל. פאר׳ן שלוב.

ס׳איז פיעל געשמועסט געווארען וועגען די פערשיעדענע נעבען קאסטען ביי חתונות און שלובען, דאביי איז פון אלע זייטען מיט גרויס אנערקענונג אונטערגעשטראכען געווארען — דאס ריקזיכטס-פאלע האנדלען פון קראקאווער רב שליט״א ביי רח״ש און אנדערע אבצאהלונגען. עס רעפערירט דאן פארזיצענדער סטעמפעל וועגען פערקלענערען דעם פלאמבען-אבצאהל פון שחיטה חוץ אויף 10 און 15 גר. וואס עס ווערט אויך אנגענומען.

# פון וואך צו וואך

מיט א קורצער צייט צוריק האט דער געוועזענער בולגארישער מיניסטער א. מאָרטשעווסקי עפּענטליך פאר דער גאנצער וועלט איינגעלאדען יודען זיך קומען בעזעצען אין בולגאריע. בולגאריען איז אן אַגראַר לאנד וואס וויכטיגט זיך זעהר אין יודישע כחות אויף צו ענטוויקלען די פינאנציעלע און ווירטשאפטליכע קרעפטען פון לאנד. בולגאריען וועט זיך קענען אויף די יודישע פעהיגקייטען, איבערהויפט איז בולגאריען פריי פון דער אזוי פערשפרייטער קראנקהייט פון אנטיסעמיטיזם.

יודען האבען זיך שוין אביסעל געפּרייט. א קלייניגקייט די טויערען פון אלע עמיגראציע־לענדער ווערען פאר אונז פערשלאָסען און דאָ בעט מען אונז גאָר.

איצט ערקלערען אלע יודישע פיהרער אין בולגאריען אז עס איז אויסגעשלאָסען א וועלכע ס'איז מעגליכקייט פון א יודישער עמיגראַציע קיין בולגאַריען.

אזאַ פנים האָבען שוין יודישע גליקען! — ויי האלטען אָן פון אסתר תענית ביז פורים.

* * *

אין ווארשאווער יודישען שפּיטאָל אויף טשיסטאַ האָט זיך דער הויפּט דאָקטאָר דר. גאָלדמאן גענומען אויך צו אָרדנען די עניני כשרות אין שפּיטאָל אחוץ דער גרויסער עולה וואָס שטעקט דערין אז אין יודישע שפּיטעלער וואָס ווערען אויסגעהאלטען פון יודישע געלדער זאָלען געפיהרט ווערען נישט קיין שטרענג כשרה קיכען — האלט דר. גאָלדמאַן מיט רעכט אז די מאָראַלישע לייַדען פון די חולאים — בעת זיי זענען געצוואונגען זיך צו ערנעהרען מיט נישט כשרע מאכלים, זענען אזוי שטארק אז די בעסטע מעדיצינישע באמיהונגען זענען נישט אים־שטאנד דעם חולה צו שטעלען אויף די פיס.

אין דעם דאָזיגען שפּיטאל איז געוועזען נאָך א „מנהג". די קיך פאַר דאקטוירים איז געוועזען בכלל א ספּעציעל „טריפהנע" האט דער דר. גאלדמאַן געלאָזט כשר'ען אלע כלים און פיהרט איין אויך פאַר די דאָקטוירים א שטרענג יודישע קיך.

וועט נעביך אונזער אינטעליגענץ מוזען פערזוכען דעם טעם פון כשר'ע מאכלים. די זאַך איז אָבער צו ערנסט און ס'וואָלט כדאי געוועזען אויך אין אנדערע יודישע שפּיטעלער א קוק צו געבען וואָס עס טהוט זיך אין די קיכען און אויך אין די ספּעציעלע דאָקטוירים־קיכען.

* * *

די נייע ענגלישע דעקלאראציע אין וועלכער עס ווערען ווידער בענייט פערשידענע צוזאָגען לטובת דער שאפונג פון א יודיש נאציאָנאלער היים איז דורך יודען פון דער גאַנצער וועלט אויפגענומען געוואָרען קאלט, מיט רעזערוו. ס'איז קלאָר מ'האָט נישט מעהר קיין צוטרוי צו ענגלאנד'ס צווייזייטיגע פּאָליטיק נאך די שלעכטע ערפאהרונגען די לעצטע יאָהרען. אויף צו געוואונען די מאכמעדאַנער אין אינדיען האָט מען געלאָזט מאַכע פּאָגראָמען אויף יודען און ארויסגעגעבען א ווייס־ביך וואָס האָט צונישט געמאכט אלע יודישע האָפנינגען. דאָס איז געוועזען פאַר

---

ב. פאטישמאן.

## פורים טאכא.

מיט פול יאהרען צוריק האט איז דער היילינער שטאט „חברון" רעגירט א פאשא, וועלכער איז געווען א שלעכטער מענש א געלד־גייציגער מיט גרויסע אמביציעס.

אמאל האט דער פאשא ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז די יודען פון חברין זאלען איהם געבען פופצינ טויזענד גולדען, און אויב זיי וועלען נישט ברענגען די בעשטימט סומע אין דער בעשטימטער צייט, וועט ער לאזען פערברענען די אנגעזעהענסטע לייט פון זיי און די איבעריגע וועט ער פערקויפען פאר שקלאפען, די יודען פון חברון זענען געווען אין יענער צייט זעהר ארים און זיי דאבען נישט געהאט קיין מעגליכקייט צונויפצושטעלען אזא גרויסע סימע. האבען זיי געטראכט אנ'עצה און מ'האט בעשלאסען אז די רבנים פון דער געמיידע זאלען גיין צו דער „מערת המכפלה" און דערציילען די „אבית הקדושים" וועגען דער שלעכטער גזרה און אויסגיסען פאר זיי זייער ביטער הארץ.

נאכדעם ווי זיי האבען אנגעשריבען זייער בקשה אויף א פאפיר, האבען זיי בעצאהלט עטליכע גולדען דעם שומר וועלכער האט בעוואכט דעם איינגאנג פון דער הייל, אז ער זאל נעמען זייער קוויטעל און עס ארפלאזען מיט א שטריק ביז דער מערת המכפלה, ווייל אויך די ישמעלים וואגען נישט אריינצוגיין דארטען און צו טרעטען אויף דעם היילינען ארט. דער שומר האט געטהון אזוי ווי זיי האבען איהם געהייסען און ער האט גלייך אראפגעלאזט דאס קוויטעל אין דער הייל.

ביי נאכט, ווען דער פאשא איז איינגעשלאפען, האט ער דערשפירט ווי עמיצער וועקט איהם, איז ער באלד אויפגעקומען און דערזעהן פאר זיך דריי אלטע לייט פון א הערליכען אויסזעהן, וועלכע שטעהען מיט שארפע בליקען און פאדערן פון איהם, אז ער זאל זיי געבען פופציג טויזענד גולדען, און אויב ער וועט נישט

דעם אינדישען נאציאָנאלען קאָנגרעס איצט נאָך דער אינדישער קאָנפערענץ ביים רונדען טיש מאכט מען ווידער צוזאָגען מיט א ד'אַלב מויל לטובת די יודען.

אנפאַנג'ס נאך דער פראָקלאמירונג פון דער באלפור דעקלאראציע האָט די אָרט. תיכף געוואָרענט נישט צו מאכען קיין איבערטריבענע האָפנונגען נישט צופיעל אמונה צו האָבען אין די צוזאָגען פון פאָליטיקער. דאַמאָלס האָט מען די אָרט. פערשריעגען אלס פעררעטער וכדומה. היינט זעהט שוין א יעדער אז עס זענען נישט מעהר ווי פאָליטישע מאַנעווורעס וואָס ווערען געטריעבען דורך ציניש דיפלאָמאטען מיט די 2 טויזענד יעהריגע האָפנונגען פונ'ם עלטסטען קולטור פאָלק.

* * *

ביז איצט זענען בלויז פאַרהאַן אינטערנאציאָנאלע גריכטען צו ערלעדיגען סכסוכים צווישען פערשיעדענע מלוכות איצט טרעט ארויס א געוויסער ד״ר מייער מיט א אנטראַג צום פעלקער־בונד צו שאפען א אונטערנאציאנאל אפעלאַציע געריכט ווי אהין די נאציאנאלע אדער רעליגיעזע געמיינדען זאָלען קענען אפעלירען נעגען עווענט. אומגערעכטע טענדענציעזע אורטיילען פון די געריכטען. ווי למשל די אלט בעקאנטע דרייפוס-אפערע.

אין דער לעצטער צייט זענען אזעלכע טענדענציעזע פראָצעסן אויך זעהר אן אָפטע ערשיינונג. אין רומעניען האָט מען אפילו געוואגט ארויסצוטרעטען מיט פראָצעסן געגען פאָגראָם קרבנות גופא.

* * *

די לינקע לאָדזשער יודישע צייטונגען זענען אין כעס אויף דער לאָדזער קהלה פארוואס זי האָט נישט געשיקט בעגריסען שלום אש'ן בעת א אש-פייערונג פאָריגע וואָך אין לאדז. די צייטונגען זענען אויך שטארק אין כעס אויף די אלעקסאַנדרער חסידים פאר וואס זיי האבען אפילו אין אזאַ וויכטיגען ענין געשטימט צוזאמען מיט דער אגודה — וואס חסידים קענען אלץ, זיי טענה'ן אז „אש“ איז אנטי רעליגעז און אז אפילו אמאל איז ער ארומגעפאָהרען פיהרען פראפּאגאנדא געגען מצות מילה.

אונזערע לינקע זענען אבער פאָרט גערעכט. וואָרום ווי קען מען עס עפּעס וועגען אזא קליינינקייט ווי מילה איינרייסען מיט אזא גדול ?

* * *

אין ארץ ישראל איז געוועהלט געווארען אויפסנייע א אסיפת הנבחרים זעלבסט-פערשטענדליך אהן דער בעטייליגונג פון דער אָרטאדאָקסיע ווייל די לינקע ווילען נאָך אלץ נישט נאכקומען די פאָדערונגען פון דער ארט. אבצושאפען דאס פאסיווע פרויען וואהל רעכט.

יעצט זענען אויך די רעוויזיאָניסטען ארויסגעטרעטען פון דער אסיפת הנבחרים אלס פראָטעסט געגען ווייצמאַן'ס פשרה פאָליטיק אין זיינע פערהאנדלונגען מיט דער ענגלישער רעג. אויך די מזרחיים זענען אויסגעטרעטען. די רעוויזיאָניסטען האָבען זאגאר ערקלעהרט אז זיי געהען שאפען א בעזונדערען רעוויזיאָניסטישען פארלאמענט.

אז מיר וועלען האָבען גליק וועלען מיר — הייסט עס — נאך דערלעבען עטליכע יודישע פארלאמענטען אין א״י. וועלכעס פאָלק קען זיך נאך מיט אזעלכעס בערימען ? אבי מ'זאָגט אז מיר האבען נישט קיין ממשלה אין ארץ ישראל...

---

געבען וועלען זיי איהם באלד הרג'נען. דערזעהענדיג זייערע צארנדיגע פנים'ער איז דער פאשא זעהר דערציטערט געווארען, מיט טויט-שרעק און מיט גרוים איילעניש איז ער גיך אראפּגעשפרינגען פון זיין בעט, ארויסגענומען פונ'ם געלד קאסטען די סומע וואס זיי האבען פון איהם געפאדערט, אריינגעלייגט דאס געלד אין א טאש און עס איבערגעגעבען צו די אלטע לייט.

צומארגענס גאנץ פריה, האבען זיך אלע יודען פון דער שטאט פערזאמעלט אין בית־המדרש אריין צו זאגען „תהלים“ און צו בעטען צו ג־ט (ווייל זיי האבען געמיינט, אז ס'איז שוין געקומען זייער סוף...) און ווען די זון האט אנגעהויבען אויפצושיינען, איז דער שמש פונ'ם בית המדרש ארויסגעגאנגען און האט דערדאר און בעמערקט, אז אויף איינעם פון די פענסטער ליגט א געלד-בייטעל, האט ער געעפענט דעם בייטעל און געזעהען ווי ער איז פול מיט גאלדענע מינצען...

מיט אבליץ־שנעלקייט און מיט גרויס שרעק איז דער שמש צוריק אריינגעלאפען אין בית-המדרש, און איבערגעגעבען דעם בייטעל מיט געלד צום ראש הקהל. האט דער ראש הקהל איבערגעציילט דאס געלד, איז געוועזען פונקט פופציג טויזענד גולדען, נישט מעהר און נישט ווענינער. און דער זעלבער צייט איז אנגעקומען דער הויפטמאן פונ'ם פאשא מיט גרויס חיל און זיי האבען אנגעהויבען צו שרייען: געלד ! געלד ! פופציג טויזענד גולדען גיט אהער און ווען נישט וועט מען אייך אלע אויסהרג'ענען ! האט דער ראש־הקהל גענומען דעם בייטעל מיט געלד און איהם איבערגעגעבען אין די הענד פונ'ם הויפטמאן, איז דער הויפטמאן מיט'ן חיל ארויסגעגאנגען פונ'ם בית-המדרש און זיי האבען אפּגעטראגען דאס געלד צום פאשא. ווען דער פאשא האט דערזעהן דעם בייטעל מיט געלד, האט ער באלד דערקענט, אז דער בייטעל איז זיין אייגענער און אויך די מינצען וואס געפונען זיך אין איהם זענען די

# קאמף ארום דעם רעליגיעזע כאראקטער פון די קהלות.

לעצטענס איז ווידער פארגעקומען א פערשארפטער קאמף צווישען די פערשיעדנע יודישע פארטייען וועגען דעם כאראקטער פון די קהלות.

איינינע ציוניסטישע דעפ. זענען אויפ'ן סיים פארום עפענמליך פאר דער גאנצער וועלט ארויס אין שארפע זידעל ווערטער לגבי דער גאנצער ארט. פארוואס עס זענען לעצטענס ארויסגעגעבען געווארען דורך דער רעגיערונג וואהל-פעראָרדנונגען צו די רעליגיעזע קהלות צו וועלכער זיי — די ציוניסטישע דעפוטאטען — האבען זייער הסכמה נישט געגעבען.

עס פעדריסט זיי פשוט וואס אין די היגע פענסטער רעכענט מען זיך עפעס אויך מיט די השפעות פון דער ארט. און מיט זייערע פערלאנגען. זיי וואלט אודאי בעסער געפאלען די רעגיערונג זאל אין אלעם בפרט וואס איז נוגע קהלות ענינים זיך רעכענען נאר מיט מיינונג פון אונזערע כל ערליי מאדערנע, ווארים ווי קומען עפעס אבגעשטאנענע פארצייטישע יודען קלעריקאלען וכדומה צו האבען א דעה אין דער געשטאלטונג פון דער קהלה?

מילא! פעדריסט עס זיי איז דאס זייער רעכט, צו פערטרעטען זייער שטאנדפונקט.

אָבער ווי קענען עס עפעס עפענטליך קומען מיט אינסינואציעס נעגען א גאנצען צבור אז זיי זענען „בעהאלטענע אבער פערביסענע שונאים פון דער רעגיערונג“.

אויך וועגען דער עצם זאך איז ווירקליך נישט צו פערשטעהען מה הרעש?

די רעגיערונג האט ארויסגעגעבען א צונאב־פעראָרדנונג וועגען די וואהלען צו קהלות וועלכעס גיעט א רעכט די וואהל־קאמיסיעס צו שטרייכען פון דער וועהלער-רשימה אזעלכע וואס טרעטען ארויס עפענטליך נעגען דת וואס ערקלערען זיך עפענטליך אלס אנטי רעליגיעז.

שימי שמים! וואס איז דא אייגענטליך נישט אויסנעהאלטען? צו איז עס נישט אויסנעהאלטען לויט אלע כללים פון לאגיק און שכל הישר אז אנטי רעליגיעזע זאלען נישט האבען קען דעה אין רעליגיעזע ענינים?

מיט וואס פאר א רעכט קומט עס אזעלכען א דעה צו זאגען אין רעליגיעזער קהלה, מיט וואס פאר א רעכט זאל אזא איינער האבען א דעה אין רבנות, שחיטה, כשרות מצות רעליגיעזען חינוך לויטער ריין רעליגיעזע ענינים וואס ליעגען אים נישט אפילו אין דער לינקער פאה.

נאך מעהר א אנטי רעליגיעזער מענש דאס הייסט נישט אז ער איז גלייכגילטיג לגבי די ענינים וואס מאכען אויס די עיקר אויפגאבען פון די היינטיגע קהלות. ניין א אנטי־רעליגיעזער איז פשוט א שונא הדת וואס ביי אים איז נאר א מצוה צו קעמפען קעגען יודישען דת און קעגען אלע ענינים וואס האבען נאר א שייכות מיט אמונה. ווי קען מען עס גאר פערלאנגען אַז אזעלכען צו געבען א דעה אין קהל'שע ענינים בעת ער איז בכלל א אויסגעשפראכענער נעגנער (שונא) דער גאנצער קהלה וואס איז ביי אים א דארן אין אויג. וואלט עס ניכט געוועזען א אומדערהערטער פאראדאָקס א סתירה מני' מבי'.

עס לייגט זיך דערום בכלל נישט אויפ'ן מוח די רינזה מיט וועלכע די דעפ. זענען ארויס נעגען אט דער פעראָרדנונג וועלכע איז דורך און דורך א גערעכטע.

זאגאר די סאציאלע הילפס ארבייטען פון דער קהלה זענען אויך א אינטעגרירענדער בעשטאנדטייל פון דעם רעליגיעזען אויפגאבען־קרייז פון דער קהלה.

וועלכעס בעדינגט אייגענטליך א סעפעראטע הילפס טעטיגקייט צווישען יודען נעבען דער הילפס טעטיגקייט פון די קאמונאלע אינסטיטוציעס פון די מאגיסטראטען אויב נישט די ספעציעלע רעליגיעזע בעדערפענישען פון יודען. יודען דארפען קמחה דפסחא ספעציעלע ימים טובים שטיצע, יודען דארפען האבען אייגענע שפיטעלער און קראנקען־היימען ווייל דער יודישער חולה האט זיך זיינע רעליגיעזע פערלאנגענס ער בעדארף האבען כשר עסען שבת א. א. וו.

די ספעציעלע הילפס טעטיגקייט פון די קהלות זענען נאר בערעכטיגט דורך די ספעציפישע רעליגיעזע בעדערפענישען פונ'ם יודישען צבור. אן אנטי־רעליגיעזער אבער האט אויך אין די ספעציעלע יודישע הילפס טעטיגקייט קיין אונטערעס נישט. פאר אים נעניגט פולשטענדיג די סאציאלע טעטיגקייט פון די קאמונאלע אינסטיטוציעס. ער האט דאך נישט קיין שום ספעציפישע בעדערפענישען גלייך ווי די אלגעמיינע נישט־יודישע בעפעלקערונג.

---

זעלבע וואס ער האט ביי נאכט אויסגעציילט צו אומבאקאנטע אלטע לייט, וואס זענען צו איהם אריינגעקומען אין דער צייט ווען ער איז געשלאפען.

דאן האט דער פאשא פערשטאנען, אז די אלטע לייט וועלכע האבען ביי איהם גענומען דאס געלד, זענען געוועזען די הייליגע אבות, אברהם, יצחק, און יעקב, וואס זיי קומען צו העלפען די יודען און יעדער עת צרה, און פון יענעם טאג אן און ווייטער האט ער שוין מעהר נישט געטהון, קיין שלעכטס צו יודען.

ביז'ן היינטיגען טאג פייערן די ספרדישע יודען פון דער שטאט חברון דעם דאזיגען טאג און זיי רופען איהם; פורים טאקא, ווייל אויף אראביש רופט מען א „פענסטער“ — טאקא' און דער בייטעל מיט'ן געלד איז געפונען געווארען אויפ'ן פענסטער פונ'ם בית-המדרש.

# וואס הערט זיך איז קראקא?

## געשענקט א ספר תורה איז דער אלטער שוהל.

זונטאג איז געשענקט געווארען א ספר תורה אין דער אלטער שוהל 2 א זייגער האט זיך אנגעהויבען די כתיבת אותיות אן דער וואוהנונג פון ה' ישטיינער, ס'האט זיך פערצויגען ביז זייגער 7, מ'האט נעפירט דאס ספר תורה אין א שעהן געהאפטען מענטעלע געשענקט דורך ה' ד. אורבאך — דורך ד' גאסען וואורזיניצא, דאיוואר, מיאדאווא עסטערא, יוזעפא צו דער אלטער שוהל פון וועלכער מ'איז א קיינען געקומען מיט פיעל ספרי תורות. די יוגענד האט געזינגען וטהר לבנו. זייגער 9 האט זיך אנגעהויבען די סעודת מצוה וואס האט זיך פערצויגען ביז 1. ביינאכט.

## די גרויסע חתונה איז באבוב.

ס'איז שוין ענטגילטיג פעסטגעשטעלט געווארען דער טער-מין פון דער באבאווער חתונה אויף כ"א אדר.

פון קראקא וועט אבגעהען א ספעציעל-צוג, זייגער 9 פארמיטאג און וועט אנקומען קיין באבוב זייגער 1 מיטאג. ס'ווערען ערווארטעט פיעל געסט חסידים פון גאנץ גאליציען, אויך פון קראקא וועלען פאהרען פיעל חסידים און מצד דעם מחותן ר' פייבוש סטעמפעל פיעל אנגעזעהענע אגודיסטען און אגודה-פערזענליכקייטען.

## קראקאווער שטאדט-ראט אויפגעלעזט.

מיטוואך נאכט, איז אויפגעלעזט געווארען דער קראקאווער שטאדט ראט אלע רעכטע פון שטאדט-ראט זענען דורכ'ן וואיע-וואדע ד"ר קוואשיניעווסקי איבערגעטראגען געווארען אויפ'ן פרעזידיום. דעם פרעזידיום איז צוגעזעצט געווארען א ביי-ראט פון 72 פערזאן ביז אין דער לעצטער מינוט איז דער צוזאמענ-שטעל פון ביי-ראט נאך געענדערט געווארען.

לכתחלה האט געזאלט זיין אינ'ם ביי-ראט נאר 7 יודען פערשיעדענע אינטערווענצען און די אומצופריעדענקייט פון די יודען וואס איז צווישען אנדערעם געקומען צום אויסדרוק אויך אין אונזער נאטיץ פאריגע וואך, האט געפועלט אז די צאהל יודען איז געהעכערט געווארען אויף 12. די צוועלף זענען פר. דר. לאנדוי, ט. עפשטיין, ד"ר גראס, שמואל שעכטער, ד"ר טילעס אלי ריטערמאן, שטיינבערג, וויינסבערג, אד. וואהל, ד"ר סט. לאנגראד, י. קיהן און אינז. טויב.

ווי מ'זעהט איז נישט פארהאן צווישען די 12 קיין איין ארטאדאקסער יוד. ט'איז ממש א פאטש אין פנים פון דער ארט. וועלכען מיר טארען זיך בשום אופן נישט לאזען געפאלען, מיר דארפען ווי אמשארפסטען געגען דעם פראטעסטירען, מיר טארען זיך נישט לאזען איגנארירען, אמת מ'האט בכלל אויסגעמיעטען פאליטישע פארטייען א חוץ דער ב. ב. אויך די ציוניסטען האבען נישט בעקומען קיין פערטרעטער. אבער ס'זענען נאך פארהאן ב"ה אין קראקא אנגעזעהענע ארט. יודען וואס זענען נישט פאליטיש אנגאזשירט. דער פעהלער מוז אבסאלוט כאטש נאכטרעגליך אויסגעבעסערט ווערען, ס'זאלען צוקאפטירט ווערען עטליכע חשובע ארט. יודען פון שטאדט.

## א קאנפערענץ פון יודישע אינוואלידען.

זונטאג און מאנטאג איז אין גרויסען קהלה-זאל אונטערן פארזיץ פון פרעזעס פארגעקומען דער 5 צוזאמענפאהר פון יודישע אינוואלידען, ס'זענען געקומען ביז 200 דעל. פון גאנץ פוילען און פיעל געסט. בעזאנדערס שטארק זענען געוועזען פערטרעטען די בעהערדען. אין נאמען פון דער רעגיערונג בעגריעסט דער וואיעוואדע ד"ר קוואשנאווסקי, אין נאמען פון ארבייט'ס מיניס-טעריום מאיאר מיגדאלעק. ערטיילט מיט, אז ער האט בעקומען פון מיניסטער א מיטטיילונג אז פסעמיער סלאוועק האט פארגע-לעגט דעם מלוכה-פרעזידענט אויסצוצייכנען דעם פערדינסטפולען פרעזידענט פון אינוואלידען פערבאנד ה' יעקב באכנער מיט א גאלדענעם פערדיענסט מעדאיל לכבוד דעם יובילעאום פון זיין צעהניעריגער מיה-פיללער ארבייט לטובת די יודישע אינוואלידען רופט ארויס א שטארקע צופריעדענהייט ביי די אנוועזענדע. עס זענען נאך געהאלטען געווארען בעגריסונגען אין נאמען פון די א. ק. פון מאגיסטראט און דער קהלה, טעלעגראפישע און שריפט-ליכע בעגריעסונגען זענען געקומען פון דער קאנצליי פון מלוכה פרעזידענט פון פערשיעדענע מיניסטאריען, יודישען קאלא, די קהלה אין ווארשא א. א. אויך די פרוי פון מ. פילסודסקי האט צוגעשיקט א טעלעגראם-בעגריעסונג.

ס'איז אויך געעפענט געווארען א ספר הזהב לכבוד דעם צעהן-יאהריגען ארבייט'ס יובילעאום פון פר. באכנער אין וועלכען ס'האט זיך דער ערשטער איינגעשריבען דער קראקאווער וואיע-וואדע, עס זענען בעהאנדעלט געווארפן פערשיעדענע אינוואלידען ענינים, די פערטרעטער פון די רעגיערונג האבען ארויסגעוויזען גרויס פערשטענדניס פאר די פערלאנגענס פון די אינוודליז'ען און צוגעזאגט גינסטיג צו ערלעדיגען אלע ארויסגערוקטע פאסטולאטען.

די קאמיסיעס האבען געארבייט א גאנצע נאכט לסוף איז אלס פרעז. פון הויפט פערוו. ווידער אויסגעוועהלט געווארען ה' באכנער און אויפן ארט פון ביז איצטיגען פרעז. פון הויפט ראט ד"ר זשיטלאווסקי איז אניסגעוועלט געווארען ד"ר שערמאנט.

# קורצע ידיעות פון דער וואך.

— אין ווארשא איז פארגעקומען א קאנפערענץ פון יודישע בעקער עס איז געפאדערט געווארען אבצולעגען די שווערע גזירה פון מעכאניזירען די בעקערייען.

— אין ראשין ביי ווארשא איז אויפגעבויט געווארען דורך אינזש. אייזענשטיין, א יוד. די גרעסטע ראדיא-סטאציע אין דער וועלט.

— און קאנגרעס פוילען האט זיך געענדיגט די קאדענץ פון די קהלות. נייע וואהלען וועלען פארקומען מיטוואך 20 מאי 2 טאג פאר שביעות אין די פינף גרעסטע קהלות דעם 27 מאי.

— אין רומעניען וועלען בקרוב פארקימען פערשיעדינע אנטיסעמיטישע קאנגרעסען.

— דער פויבסט האט זיך געלאזט אינפארמירען וועגען דער לאגע אין ארץ ישראל אין וועגען איצטיגען מצב פון יודיש אראבישען קאנפליקט.

— די לאדזער קהלה איז אויפגעלעזט געווארען. ס'איז נאמינירט געווארען א צייטווייליגען פערוואלטונג פון 13 פערזאן מיט דעם. מינצבערג זוהן ר' הענאך בערגער אין דער שפיץ.

— נאך דעם צוריקומען פון מ. פילסודסקי פון מאדערא וועט — הייסט עס — די רעגירונג אריינטראגען אין סיים א פראיעקט צו ענדערען דאס זונטאג-רוה געזעץ.

— אויפ'ן ארט פון ר' משה מרדכי עפשטיין וועלכער בעזעצט זיך אין ארץ ישראל איז אין סלאבאדקע אויפגענומען געווארען אלס רב זיין איידעם הרב ר' יוסף זוסמאנאוויטש.

— לעצטענס איז אין א"י געשאפען געווארען א לשכה מאוחדה פון יודישע אגענץ אגודת ישראל און ועד לאומי, צוליעב א קאנפליקט פון קאל. קיש מיט דעם ועד לאומי איז די לשכה אויפגעלעזט געווארען.

— יודישע ארבייטער זענען בעפאלען דעם יודישען קינדער סאנאטאריום אין מעדעזשין אין געמאכט גרויסע שאדענס — אוים אונצופריעדענהייט מיט די בונדיסטישע פערוואלטונג.

— אויף אינטערווענץ פון אגודת ישראל האבען די ציוניסטישע שולען אין א"י היינטיגען חמשה עשר נישט געפייערט — ווי תמיד — מיט ביימער פלאנצונגען ווייל חיי יאהר איז שמטה.

— אין ווארשא איז געשטארבען דער מיטארבייטער פון מאמענט יצחק שפירא ער איז בשעתו געוועזען מיט ארבייטער פון פון דיארט. צייטונגען די דאס יודישע ווארט און „דער יוד“.

— אין ווילנא זענען ארעסטירט געווארען 80 לינקע פ. פ.ס'ניקעס דערונטער, אויך דעם יודיש'סט זומן רייזען.

— אין לובלין וועלען פארקומען רבנית וואהלען לויט'ן נייעם רעגולאמענט עס פיגורירט אלס איינציגער קאנדידאט הרה"ג מאיר שפירא שליט"א.

— ניו־יארקער יודען האבען געקויפט 5000 דונאם באדען אין א"י.

— אין פאריז איז בעת א פארשטעלונג פון דרייפוס — פילם געקומען צו דעמאנסטראציעס פאר און געגען פאליציי האט נעמיזט אינטערוועניערען.

# וואך קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

פרייטאג ג' אדר.

חנוכת הבית פון צווייטען בית המקדש בימי עזרא.
געשטארבען אין פאזען ר' מרדכי יפה בעל הלבושים.
אין קראקא הג' ר' נח בר פסח מח' תולדות נח אויף מדרש.

שבת ד' אדר.

איז געקומען צו קבירה אין ווארמס דער מהר"ם מרוטענבערג.
נאך דעם ווי ער איז געוועזען אין תפיסה 14 יאהר נאך דער פטירה.
יאהרצייט פון ר' ליב שרה'ס תלמיד פון רבין ר' בער.

זונטאג ה' אדר.

געשטארבען אין טבריא הצ' ר' וואלף פון טשארני אוסטרע, תלמיד פון רבין ר' בער און דער רבי פון „ערבי נחל“ תקפ"ג.
יאהרצייט פון ר' אברהם טשערנאוווער רבי תרל"צ.
דער לבוש האט געענדיגט זיין ספר „אבן יקרה“ אויפ'ן רקנטי.
ה'תרמ"ב איז אין שפאניען געגעבען געווארען יודען גלייכבערעכטיגונג.

מאנטאג ו' אדר.

האט משה רבינו געענדיגט משנה תורה און איבערגעגעבען די פיהרערשאפט צו יהושע.
ה'ש"א ארויסגעטריעבען די יודען פון דער שטאדט נאפעל.

דיענסטאג ז' אדר.

איז נפטר געווארען משה רבנו ע"ה, דעם טאג איז ער אויך געבוירען געווארען.
האט אויפגעהערט פאלען מן צו די יודען אין מדבר.
געשטארבען אין פראג ר' שלמה אפרים לונטשיץ מח' „עוללות אפרים“.
מ'האט איבערגעטראגען דעם קערפער פון ר' מרדכי באנעט פון ביה"ח אין ליכטענשטאדט קיין ניקעלסבורג.
ה'תט"ו ר' מנשה בן ישראל, ער ווירקט ביי ענגלאנד צוריק אריינצולאזען יודען.

מיטוואך ח' אדר.

געשטארבען אין האנאווער ר' ארי' ליבוש מח' „פני ארי'“ א זוהן פון „פני יהושע“ תקמ"ט.

דאנערשטאג ט' אדר.

אין קראקא ר' אהרן הכהן, זוהן פון „שארית יוסף“ שע"ו.
ר' שמחה בונם פון קראקא, איידעם פון רמ"א שפ"ד.
פערדינאנד II. בעפעהלט נישט צו מאכען יודען קיין בלוט בלבולים.

---

# בריעף פון יאווארזנא.

מאנטאג פ' יתרו חמשה עשר בשבט, האט די היגע חברה לומדי דף יומי איינגעארדענט א אימפאזאנטע סיום הש"ס פייערונג אין לאקאל פון גביר ר' נחום שענטאל.

עס עפענט די חגיגה ח' ר' מרדכי בראנדשטעטער, וועלכער איז אויך מסיים ש"ס, עס האלט דאן א רעפעראט וועגען למוד דף יומי ח' ר' שאול לייכטער און הב' שמואל קליגער. עס ווערען דאן געזינגען א פאר מזמורים דורכ'ן שפעציעל איינגעארדנעטען כאר, נאכהער פערווייל זיך דער עולם ביי געדעקטע טישען ביז שפעט אין דער נאכט.

די פייערונג האט איבערגעלאזט א שטארקען רושם און מיר פערהאפען, אז צום צווייטען מחזור וועט די צאהל לומדי דף יומי פערפיעלפאכט ווערען.

בן חיים.

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטאָרישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

זעקסטע פארטזעצונג:

נאָכדעם ווי ר' יהושיע איז אביסעל געקומען צו זיך האט דער קיכער דיביידע געסט מכבד געווען מיט עפעס עסען פונ'ם כשרען נאכט מאהל וואס ער האט געהאַט אָנגעגרייט פאר זיך.

זייענדיג אליין א יודע ספר האט ער זיין גאסט אלס תלמיד חכם שטארק מחבב געווען.

ביסלעכווייז האבען זיי זיך ביידע צושמיעסט מ'איז געווארען היימיש ר' יהושע דערצעהלט אים פון אלע זיינע צרות, האפנונגען און פלענער.

אויך וועגען זיין אלישא'ען וועלכען ער האפט צוטרעפען אין פראָקא.

און מיטען א אינטימען שמועס זענען פלוצים אלע דריי אויפגעציטערט געווארען פון א ווילדען געשריי פון עטליכע קנעכט.

יאַנקעליט? וואס טהוסט איר דא? שנעל צום פאן! דער פאן זוכט אייך שוין מעהר ווי א שעה,

בלייך ווי קאלך איז דער קיכער שנעל געלאפען אינ'ם גרויסען זאל וואו דער באל קימט פאר.

ווי ביסט דו געוועזען? דו פאלשער הונד, איז ארוים אויף אים מיט כעס, דער בייזער און שטרענגער פריץ. וואס פאר א וויכטיגע געשעפטען האסט דו עס עפעס ווען איך רוף דיך?

דער קיכער איז געשטאנען אין איין ציטערניש זוכענדיג אין גערדאנקען עפעס א תירוץ וואס זאל קענען איינשטילען אביסעל דעם כעס פון זיין בעה"ב.

אבער, נאך איידער ער האט בעוויזען א ווארט ארויסצוברענגען מויל צו ברענגען רופט זיך אפ איינער פון די סנעכט וואס האט געזוכט נושא חן צו זיין אין די אויגען פון פריץ.

„איך האב אים געפונען אין די אלטע שטאלען, די חורבות ער האט דארט בעהאלטען עפעס. א יוד מיט זיין טאכטער און אָט האט ער זיי איצט געקארמעט מיט עסען און טרינקען האט ער גישט געהאט קיין צייט אהער צו קומען.

אָט די ווערטער זענען געוועזען פאר דער געזעלשאפט ווי א אויפרייס-באמבע און האבען אָנגעצינדען דעם כעס פון פריץ ביז גאר.

א יוד! האט ער געדונערט — „א יוד ביי מיר אין הויף, דאס קומט מיר גראד זעהר צוניץ איצט" „זאפארט אויפהענגען דעם יוד מיט זיין טאכטער" איך וועל ווייזען דעם הויכען אדעל א ביישפיעל ווי אזוי מ'דארף דיענען דעם פאטערלאנד.

ערשט די גרויסע סכנה וואס האט געהאנגען איבער די קעפ פון ר' יהושיע'ן און זיין טאכטער האבען אויסגעניכטערט דעם איבערגעשראקענעם קיכער און אים געמאכט רעדעוודיג.

יאנקעלע האט זיך אווארף געטוען צו די פוס פון דעם גרויזאמען פריץ און מיט גרוים געוויין אנגעהויבען בעטען פאר'ן לעבען פון די אומשולדיגע געסט.

איידלער און מעכטיגער פריץ! בעפלעק נישט דיין שמחה מיט'ן בלוט פון אומשולדיגע מענשען, עס זענען אומשולדיגע וואנדערער פון דייטשלאנד. אויפן וועג קיין קראקא זענען זיי געקומען אויף דעם געביעט נישט וואוסענדיג פון דיין פערבאט. תיכף מארגען פרי' וועלען זיי פארלאזען דאס געביעט פון מיין גרויסען און מעכטיגען הער.

מיט אזעלכע און עהנליכע ווערטער האט ער געפרובט ווייך צו מאכען דאס הארץ פון זיין בעה"ב.

ער, דער פריץ האט אבער געהאלטען אין איין זידלען און שימפען אויף די יודען וואס פערפלייצען פוילען און אויף דעם יודען-פריינדליכען קעניג קאזימיר.

אלע אָנוועזענדע, די געסט פון הויכען אדעל און די פיעל בעדיענער האבען א ווילע זיך צוגעהערט צו דעם צארן־אויסברוך פון בלוטדורשטיגען אדליגען און די תחנויים־רייד פונ'ם ארימען יודישען קיכער. ביז דער יונגער פריץ לאשינסקי האט איבער־געריסען דאס שווייגען פון די געסט, דעם ווערטער דועל צווישען דעם גאסט געבער אין זיין קיכער.

הער נאר! ווענדעט ער זיך צו דעם ציטערנדען צו יאנקעלע— ווי אלט איז איגענטליך דעם יוד'ס טאכטער? א יונג קינד נאך — איז די תשובה, זעהט אוים אויף א יאהר אכצעהן. כ'לעבען ס'וואלט געוועזען גרויזאם אזא יונג נפש אומזיסט און אומנישט פון דער וועלט צו לאזען גטהען.

אזוי, לאז מען זי נאר אהער ברענגען — איז געווארען א געשריי פון פערשיעדענע זייטען — לאמיר הערען מיט וואס זי וועט זיך פערטיידיגען. לאמיר זעהען צו יאנקעלע זאגט אמת!

און אלע האבען זיך געווענדעט צום גאסט געבער ער זאל הייסען לאזען ארויספיהרען די צוויי אומגעריכטע געסט.

זאלען זיי אונזער איידלע און הויכע געזעלשאפט אביסעל אונטער־האלטען! האבען א טייל געסט זיך געווענדעט צום בעה"ב— מארגען וועט איר טוען מיט זיי וואס אייך וועט געפעלען. ס'איז דאך גאר א זכי' פאר א זעלכע יודען צו קענען משמח זיין אזא הויכע און איידלע געזעלשאפט וואס בעשטעהט פונ'ם גרעסטען פוילישען אדעל.

וואס זענט איר עפעס אלע מיט אמאל געווארען אזוי יודען-פריינדליך? ווענדט זיך צו זיי דער פריץ יאַן — וואס קענט איר אייך עפעס גאר נישט משמח זיין אָהן יודען, נאר, איך וויל אייך צו ליעב טוען. און ער האט געגעבען א בעפעהל תיכף ארויפצו־ברענגען די צוויי אנטלאפענע פון דייטשלאנד.

באלד איז ארייגעפירט געווארען און זאל ר' יהושיע ער האט זיך געפועלט ביי די קנעכט — די טאכטער זיינע צו לאזען נאך א ווילע אין דרויסען, מיעד און צערבראכען פון די שטראפאצען פון וועג און פונם אקאָרשט אדורכגעמאכטען חלשות־אנפאל האט ער זיך אבער געשטארקט מיט פעסטע און זיכערע שריט געשפרייזט צום אויבען אן ווי עס איז אויף א העכערען זיץ געזעסען דער בעה"ב און זיך טיעף פערנויגט. דאס מיטיגע ארייגקומען פונ'ם יודישען בורח צוזאמען מיט זיין עכט פאטריארכאלישען ערשיינען אין אויס־זעהען האבען געמאכט אן איינדרוק אויף אלע אנוועזענדע, אזוי אז ס'האט קיינער נישט געוואגט אים צו טשעפען אדער אבחוזק'ען פון איהם.

ווי איז די טאכטער? פארוואס האט מען נישט אויך זי אהער געבראכט? הערען זיך פערשיעדענע שטימען. באלד האבען די סנעכט אויך געברענגט צו פיהרען אסתר'ען. די קורצע צייט וואס זי איז אין דרויסען געשטאנען האט זיך איהר אויסגעוויזען ווי אן אומענדליכקייט; זי איז געוועזען טיעף בעזארגט וועגען גורל פון איר היים געליעבטען און פיעל געפריוטען פאטער.

(פארטזעצונג פאלגט)

בלב מלא חדוה וגיל הרינו מושיטים כוס של ברכה ובתוכו ברכת מז"ט לידידנו ואהובנו החו' הגדול בתו"י איש אשכולות מר **יוסף הירש** נ"י לרגלי נשואיו

תתמזגנה אצלו תורה וגדולה וכל משאלותיו תתמלאנה.

הבחורים דבהח"ס **דקרימאלוב** פה קראקא'

---

מקירת לבי הנני מברך ברכת מז"ט חמה את ידידי החתן המושלם החריף ובקי כמר **יוסף הירש** נ"י לרגלי נשואיו.

יהא רעוא שזווגו יעלה יפה.

מאיר לענקאוויטש.

---

מז"ט חמה ונלבבה לכבוד הב' **משה באליצער** לארושיו

מאתי

ישראל רובינשטיין.

---

לכבוד הב' המופלג כמר **ישראל פיש** ברכת גדא טבא לארושיו.

אהרן בן יהודא מארקוס.

---

ידידי **ישראל פיש** הא לך את ברכתי ברכת מז"ט חמה מעומקא דלבאי לרגלי ארושך.

תהי צעדך זה בחיים צלחה.

יצחק הירשפרונג.

---

את כבוד ידידי הב' המופלג בתו"י כמר **שלמה בערגאפיץ** ברכת גדא טבא לארושיו מעומק הלב מברך

ידידו

יצחק הירשפרונג.

---

לרגל ארושת ידידי הב' **שלמה בערגאפיץ** הנני מברך אותו בברכת מז"ט.

בנימין קשענסקי.

---



ב"ה

**משה צבי באליצער** **מלכה טורנער**

בן ר' סיני בת ר' שמעי' נ"י

מאורשים שבט תרצ"א

קראקא קאלוואריא

---

בזה הרנו שולחים את ברכתנו ברכת מז"ט לרגלי ארושת חברנו המושלם גבאי חברה „מחזיקי לימוד" מר **משה באליצער**

בנימין קשענסקי, בנימין גלעזרנטער

לייב גארפינקעל, שלמה טיסלאוויץ

וואלף זילבערשטיין, משה ליב מיללער

ליביש גארפינקעל הלוי.

---

מעומקא דלבאי הנני מברך בברכת גדא טבא להב' הנעלה מר **משה באל־צער** נ"י לרגלי בואו בברית אירושין.

יהי דרכך בחיים סוגה בשושנים.

ידידך יוסף וואַנג.

---

ברכת מז"ט חמה אנחנו מגישים לאחינו היקר מר **משה צבי** נ"י לאירושיו עם ב"ג העלמה מרת **מלכה טורנער** תחי' מקאלוואריא, יה"ר מהשוכן שמים שמזלם יאיר כשמש בצהרים ויתברכו מאלקי' המערכות ברב ברכות והצלחות.

האחים

אברהם מאיר ומרדכי זאב באליצער.

---

ב"ה

## זעהר געעהרטע רעדאקציע.

כ'בעט אייך אָבצודריקען אין אייער געעהרטער צייטונג פאָלגענדעס:

אין צוזאמענהאנג מיט דעם בריעף וואָס ה' בערטראם האט פערעפענטליכט אין אייער ג. צייטונג האב איך דעם כבוד צו ערקלערען: עס איז נישט אמת דאס ער האט מיך געוואלט פער־גיטיגען מיט געלד דען דאס אלעס איז נאר געוועזען געזאגט מען קען שוין פערשטעהען ווי ווייט מען קען זיך סומך זיין אויף זיין נאמנות ווען עס האט געהאלטען ביי עפעס רעאלעס האט ער זיך אלעמאל ארויסגעדרעהט, אויף די איבריגע פערענפערונגען איז נישט כדאי צו ענפערען דען עס ווארפט זיך דעם לעזער אין די אויגען זייער נישטיגקייט.

מיט כבוד **גימפיעל שטראסבערג.**

אונזער מיינונג וועגען דער „מעשה בערטראם" איז אז ווי דער עצם הענין זאל נישט זיין טאָר מען בשום אופן נישט ארויסווארפען א יוד אין היינטיגער שווערער צייט, אזעלכעס טאָר נישט דערלאָזט ווערען. דאס זעלבע האבען מיר אויך פאָריגע וואך ערקלערט אין א בעמערקונג צום בריעף פון ה' בערטראם צוליעב א געוויסע סבה אבער איז ליידער די דאזיגע בעמערקונג אין א טייל פון דער אויפלאגע פון פאריגען נומער ארויסגעפאלען.

די רעדאקציע.

---

פאַר'ן אינהאלט פון די אנאנסען איבערהויפט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטוואָרטליך.


אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל. אויס־לאנד א יאהר אנדערטהאלב דאָלאר.

מאנוסקריפטען ווערען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפ־אגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף ביגעלעגט יווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעטצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערש־טער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראטולאציעס א פעטיט־שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne" i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.